# די אידען

## אין אמעריקא

פערפאסט פון און געדרוקט דורך מרס.
מאריאן ר. עהרליך.

רעדאקטירט בייא פיליפּ דייוויס,
סיוויק סערוויס הויז,



באסטאן, מאסס.

1905.



זינ. קיטיס, פרינטער, 174 האנאווער סט.

# אינהאלט פערצייכנים.

# פאררעדע.

צייט דאָס אידישע פאָלק האָט זיך צושפרייט איבער דער גאַנצער וועלט, זעהען מיר דעם אידען אלס איין וואנדערער, א נע ונד'ניק, א פרעמדער אין דיא לאנד אין וועלכע ער וואהנט, ארומפלאָנדזענדיג אין דיא לאנגע נעכט פון דיא „שווארצע“ צייטען, האבענדיג בלויז דיא שטערען פון גלויבען, האפנונג אוז ליעבע אָלס זיינע וועג־ווייזערס. דער איד האט געליטען און ליידעט אלס איין ראַכע פאר ישוע הנוצרי וועמעס נאמען עס איז פערפאָלגט.

עגיפטען, אסיריען, בבל, פערסיא, גריכענלאנד און ראם, אין יעדע פון דיעזע לענדער האט דער איד איין קורצע צייט געוואָהנט. אַללע דיעזע לענדער זיינען שוין לאנג אונטערגעגאנגען דער איד אָבער צייגט זיך אימּמער ארויס אלס עוויגער יודע, ווייל אָבוואָהל ער ווערט איבע־ראל נעדריקט דאָך איז ער קיין מאָל געוועזן צוגעדריקט.

דיא אנטיסעמיטישע קאפיטלאך פון אראביען, פון קריסטליכען שפאניען, פון פראנקרייך, פון דיא ניעדערלאנדס, פון דייטשלאנד און פון ענגלאנד בעווייזט דאס אויף אידען איז מקוים געוואָרען דיא נבואה פון ישעיה הנביא „נבזה וחדל אישים איש מכאובות וידוע חלי וכמסתר פנים ממנו נבזה ולא חשבנהו“ (ישעיה נ״ג ג׳) „פעראכטעט און פערלאזען פון יערען איינעם א מאן מיט זאָרג און בעוואוסט אלס ליידענדער.“ דער איד איז נאָך אלס וואס דאס וואָרט „עברי“ בעדייטעט: דער „עמיגראנט“ ווייל אין דיא הויך סלאוואנישע לענדער ווערען זיינע פערפאָלגונגען, אויך אין 20טען יאהרהונדערט ווידערהאלט. נור אין

אמעריקא, וואו גערעכטיגקייט הערשט, האט מען איהר געגעבען דאס פולע רעכט וויא הרב פיליפסאן האט זיך אויסגעשפראכען: „אמעריקא איז א נייע כנען···· דיא פערטהיידיגערין פון דיא שוואכע···· דאס הייליגטהום פון פרייהייט, דער האפען פון פריעדען.“



## 1.

# דיא ערשטע אַמעריקאנער אידען.

דער אַלגעמיינער מיינונג אַז דיא אידען זיינען דיא שפּעטסטע איינוואַנדערער אין אמעריקא איז גאַנץ פאַלש. דער אמת איז אַז זייא זיינען געווען פון דיא ערשטע.

אין דעם יאהר 1492, דער טרויעריגסטער יאהר אין דער אידישער געשיכטע, דער יאהר ווען שפּאניען האט מיט איין מאָל און אין איין וואָך אַרויסגעטריבען 300,000 אידען פון לאַנד: דעם זעלבען יאָהר האט איין שפּאנישער איד, דער ערשטער ווייסער מענש, בעריהרט דיא שטילע זאמד פון דיא נייע וועלט, עפּעס אַזוי וויא גאָט וואָלט דאָך ניט געוואָלט דיא אידען זאָלען בלייבען נע ונד'ניקעס, דארום האט ער אָנגעשטעלט דיזען אידען אלס איין אויספּאָרשער און איין ענטדע־קער פון דאס נייע היימאטה פאר אידען.

דיזער איד איז געווען איין שפּאניער מיט'ן נאמען לואיס־דע־טאר־ראס, קאלומבוסעס דאָלמאטש. ווען קאלומבוס האט געשיקט צו בעגריסען דעם גרענד קאהן פון אינדיא אין דעם נאמען פון דיא נייע אָנגעקומענע איינוואַנדערער אויף דיא מעכטיגע שיפען: סאנטא מאריא, פינטא און נינא.

וויא בעוואוסט האט קאָלומבוס אליין ניט געוואוסט אַז ער האט ענטדעקט איין נייע לאנד. ער איז אייגענטליך געפאָהרען זוכען איין נייע וועג צו אינדיא, דיא גרעסטע לאנד פון מסחור אין יענע צייטען. ווען ער האט נאך איין לאנגען קאמפּף מיט דיא כוואַליעס פון ברוי־זענדען ים, ענדליך דערזעהן לאנד האט ער ווירקליך געמיינט אַז ער

האט זיין פאראויס געזעצטען ציעל ערררייכט; דארום האט ער גערופען דיא איינוואהנער פון דיא נייע לאַנד וועלכע ער האט ענטדעקט „אינדיאנער“ און האט געשיקט לואיס־דע־טאררעס זיך פערנאַנדער צו ריידען מיט דעם גרענד קאהן אין אראביש. דיזער איד האט אויך ענטדעקט דעם געברויך פון טאבאק.

דער איבערזעהער פון שיף איז אויך געוועזן איין איד. דער שיף דאקטאר, דער שיף כירורג, אונד איינער פון דיא מאטראזען זיינען געוועזן אידען. איינער פון דיא ערשטע צו דערזעהן דאָס נייע לאַנד איז געוועזן איין איד. נאך מעהר, דער גאנצער גדאַנק איבערהויפט צו זוכען איין נייעם וועג און ארויסצופאהרען אויף איין עקספעדיציע שטאמט פון דיא אראַבער און אידען וועלכע זיינען דאַ־מאָלס געוועזן דיא איינציגע וואס האבען בעקאַנט געמאכט אייראָפּא מיט דיא ציוויליזאַציאָן און רייכטהימער פון דיא אָסטען־מזרח.

דיא ערשטע גרופּפּע אידישע אימיגראַנטען זיינען אָנגעקומען אין דער שטאָט ניו יאָרק אָדער ניו אמסטערדאם וויא זיא האט דאַמאלסט געהייסען. זייא זיינען געוועזן 27 מאן אם מייסטען פון האללענדישען געבורט וועלכע האבען פארלאָזען בראזיליען אין דער צייט ווען דיעזע לאַנד איז אָנגעקומען אונטער דעם שוטץ פון דיא פּאָרטוגעזען.

ניט האבענדיג גענוג געלד צו בעצאהלען פאר זייער רייזע, האט מען בייא זייא צוגענומען זייערע זאכען און פערקויפט בייא אויקשען און צווייא פון זייא האט מען אריינגעזעצט אין פריזאן. פּיטער סטיי־וויסאנט, דער גאָווערנער פון דער קאלאָניע איז געוועזן דאַגעגען אידישע אימיגראציאן און האט געבעטען אין א לעטער אז מען זאָל קיין אידען לאָזען זיך בעזעטצען אין דיא נידערלענדער. האללאַנד אָבער זייענדיג געטרייא דעם גייסט פון רעליגיאָן-טאָלעראַנץ און בעאיינפלוסט געווי־

סער מאסען פון דעם גרויסען צאהל פון אידישע שערהאלדערס אין דיא דאַטש וועסט אינדיען קאמפאני, האט געפאסט א בעשלוס, אז „אידען מעגען וואהנען און האנדלען אין דיא נייע ניעדערלענדער זאַלאַנג וויא זייא וועלען זאָרגען פיר זייערע אייגענע אָרימע“. דיעזער אָבמאַך איז אימער פאָלקאם דורכגעפיהרט געוואָרען, דען דיא אידישע אָרימע לייט זיינען קיין מאל ניט געוועז א לאסט אויף׳ן כלל.

אין יאהר 1684 האט דיא אסעמבלי פון ראָוד איילאנד, ער־קלעהרט אז דיא אידען קענען ערוואַרטען דיא זעלבע פּראָטעקשען וויא יעדער אנדערער פרעמדער וועלכער וואהנט צווישען זייא אפילו נישט פון זייער רעליגיאָן. צוזאמען מיט אַנדערע פערפאָלגטע פעלקער, האבען די אידען אין ראָוד איילאנד, געקראָגען דאָס וואס זייא האבען אימער געזוכט — פרייהייט צו דיענען גאָטט. אין 1677 איז געקויפט געוואָרען דער בית עולם וועלכער איז אונשטערבליך געמאכט געווארען פון לאנג פעללא אין זיין פּאָעם „דער אידישער בית עולם אין ניו פּאָרט“. דעם ערשטען מאָל אין דער היסטאריא פון דער וועלט איז אין ראוד איילאנד דורכגעפיהרט געוואָרען א בעשלוס ניט צו שטערען דיא פרייהייט פון רעליגיאָן און אַ גאָווערנמענט איז עטאַבלירט געוואָרען בייא ראָדזשער וויליאמס פאר פולע רעליגיעזע פרייהייט.

מיט ניו פּארט איז אויך פערבונדען איינע פון דיא פיינסטע האראק־טערע פון דער אידישער היסטאָריע. יהודה טאָרא דער איד אָהן א גאל, וועלכער איז געבאָרען געוואָרען אין יאהר 1776. ער האט ניט געפיהרט קיין גרויסע ארמעע אין דער מלחמה און זיין שטימע האט מען ניט געהערט אין ראטה פון נאציאָנען, זיין גרעסטער פערגעניגען איז געוועזען בלויז צו טהון גוטעס אין דער שטיל. דיא טאָרא אינפארמערי, דיא שוהלען און דיא טאָרא הויז פיר אָרעמע אין ניו אָרלעאנס (אין וועלכע

שטאט ער האט געמופט פון ניו יארק), האספיטעלער, אסיילומס און סקוהלס פיר אידען און ניט אידען, איבער גאנץ יונייטעד סטייטס, און דיא גרויסע סוממע געלד וואס ער האט איבערגעלאזען פיר אידען אין פאלעסטינא—אט דאס אלעס צייגט וואס פיר א גרויסער פילאנטראפ און מענשען־פריינד ער איז געווען. ער האט געקויפט דיא אלטע מיל נעבען ניו יארק און דיא לאנד ארום האט מען א נאמען געגעבען טארא סקווער. זיין בייטרעגע צו באנקער הילל איז גוט בעוואוסט. לעזענדיג אין א צייטונג דאס אמאס לארענס וויל געבען צעהן טויזענד דאלאר צו ענדיגען דעם מאנומענט, אויב איין אנדערער וועט אויך געבען דיא זעלבע סוממע, האט ער באלד אריין געשיקט א טשעק אויף צעהן טויזענד דאללאר, א גרויסע סוממע געלד אין יענע צייטען.

אין דער צייט פון דער רעוואלוציאן, זיינען דיא אידען אריינגעגאנגען אין דער ארמעע און האבען זיך זעהר גוט אויסגעצייכענט צוזאמען מיט דיא פאטריאטען. ראבבי גרשון זאקס איז געווען איינער פון דיא 14 מיניסטערס וועלכע האבען אנטהייל גענומען אין דיא עפענטליכע סערעמאניעס.

אין יאהר 1777 האט ניו יארק סטייט בעוויליגט רעליגיעזע פריי־הייט פאר אידען אונד אבוואהל א איד האט געהאט דאס רעכט צו ווערען פרעזידענט איבער דיא יונייטעד סטייטס, דאך ביז 1825 האט בלויז א קריסט און קיין איד געקענט האלטען איין אפיס אין דיא סטייט פון מערילאנד.

קארלייל זאגט, „דיא היסטאריע פון דער וועלט איז א ביאגראפיע פון גרויסע לייטע“. אום אויפצוצייגען דעם פארטשריט פון אידען אין אמעריקא, וועל איך געבען א קורצע בעשרייבונג פון אייניגע, פון זייערע גדולים.

היימאן סאלאמאן, איין אנגעזעהענער ניו יארקער, האט זעהר פיעל גוטעס געטהאָן פיר טובת הכלל. ער איז געוועזן א פריינד און ראטה־געבער פון ראָבערט מאָררים, דזשעפערסאָן און מעדיסאָן. דער לעטצטער האט אויך פיעלע טובות ערהאַלטען פון סאלאמאן. ער האט אונטער־שטיצט אָפיסערס פון דער רעוואָלוציאָן און דעלעגייטס צום קאָנגרעס אויסער דעם וואָס ער האט געצאהלט דיא אויסגאבען פון דיא ספאנישע געזאנדטע. אלע פערהאנדלונגען וועגען דיא מלחמה־בייטרעגע פון פראנקרייך און האָללאנד זיינען איהם אנפערטרויט געוואָרען און ער איז געוועזן איינער פון וואשינגטאָן׳ס סטאַף.

מרדכי אמנואל נח, איז געוועזן נאָך איין אנדערער אינטערעסאנטער איד אין דיא פריערינגע צייטען פון דער רעפובליק. געבוירען אין פילא־דעלפיא אין יאהר 1785, האט ער נאכהער זיך בעזעצט אין טשארלסטאן, נ. ק. ער האט צוריק געוויזען דעם אמט פון קאנסול פיר דיא יונייטעד סטייטס אין ריגא, רוסלאנד, וועלכען פרעזידענט מעדיסאָן האט איהם פאָרגעלעגט און ער איז געוואָרען קאנסול דזשענעראל אין טוניס, מיט איין ספּעציעלע מיסיאָן צו אלדזשיער אין יאהר 1831. נאכהער איז ער געוועזן א דזשאדז פון קארט אף סעשיאָנס און אויפזעהער איבער דעם פּאָרט אין ניו יאָרק. ווען ער איז געוועזן א שעריף אין ניו יאָרק, האט יעמאנד בעמערקט „שאדע דאס א קריסט מוז ווערען געהאנגען בייא א אידען.“ „שאדע דאס א קריסט דארף גאָר געהאנגען ווערען“ איז געוועזן זיין אנטווארט. ער האט געגרינדעט און איז געוועזן עדיטאָר פון 4 קידינג ניוס פּייפּערס אין ניו יאָרק.

פון ציוניסטישען שטאנדפּונקט, איז זעהר אינטערעסאנט צו לעזען וועגען דיא בעוועגונג וועלכע איז ארויסגערופען געוואָרען אין ניו יאָרק דורך איין רעליגיעזען ענטהוזיאזמוס, אבוואהל עס איז דערפון

גאָרניט געוואָרען. אין 1820 האט נח געזוכט אוועקצושטעלען דיא אידען אלס איין בעזונדערע נאציאן אין גרענד איילאנד ביים נייאַגאַראַ טייך, נעבען באָפּאַלאָ אונד האט זאָגאר אויפגעבויט איין מאנומענט, אויף וועלכען עס איז געווען אויפגעשריבען „הררט—עיר המקלט פיר דיא אידען, געגרינדעט בייא מרדכי מ. נח, ר"ח תשרי תקפ"ה (סעפּ־טעמבער, 1825,) 15 יאהר נאך דעם וויא אמעריקא איז געווארען אונאבהענגיג."

פיקע אידען האבען זיך בעזעצט איבער דיא סויטה לאַנג צוריק איידער דיא מלחמה איז געוואָרען. איינער פון זייא, יהודה בענדזשאמין, איז געווען איין גרויסער פיהרער. אין זיין בעריהמטע דעבאַטע מיט דאניעל וועבסטער, האט ער וועבסטער'ן גובר גע־ווען אין 20 מינוטען. בענדזשאמין איז געווען אטאָרני דזשע־נעראל סעקרעטער פון דיא פעראיינגטע שטאַאטען און סעקרעטער פון דער שלאכט, נאכהער איז ער אוועק נאך ענגלאנד, און איז דאָרט געוואָרען איינער פון דיא גרעסטע און וועלט בעריהמטע לאַיערס.

האָנאָרייבל סיימאן וואלף, אום צו איבערצייגען דאס דער איד איז אַ פּאַטריאט, גיט אונז אַ גרויסע ליסטע פון אידען וועלכע האבען געדיענט אין דער ארמעע און נייווי פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען אין דער צייט פון דער סיוויל וואָר. („דער אמעריקאנער איד אלס פּאט־ריאָט, סאָלדאט און בירגער"—סיימאן וואלף) נור מעהר אינטערעסאנט פיר אלסדינג איז דיא סטאטיסטיק אין אידישען יאהר־בוך, וועלכע צייגט אונז דאס 2000 אידען האבען געדיענט אין דיא לעטצטע ספּאַניש־אמעריקא שלאכט, דער ערשטער פרייווילינגער און דער ערשטער מאַן וועלכער איז געפאלען אויף'ן שלאכט פעלד איז געווען אַ איד (סארדזשענט מאָרים יוסט פון דיא ערשטע קאליפאָרניא וואלאנטירס, וועלכער האט פערלאָרען זיין לעבען נעבען מאנילא.)

אין דיעזע לאנד איז ניטאָ קיין „אידישע פּארטייא“ ווייל דער איד אנערקענט, דאס אין פּאליטיק מוז יעדער איינער בע־גרייפען דיא וואהרהייט לויט זיין פערשטאנד. רענמאן זאָגט: „דער איד וועט קיין מאָל זיין א בירגער, ער וועט בלויז לעבען אין דיא שטעדט פון אנדערע“. בעשטעטיגענד דערמיט דיא בעשולדיגונג פון דיא יודען־פיינדע וועלכע בעהויפּטען, דאס דער איד קען קיין פּאטריאט ניט זיין. אונזערע 4 אידישע סענאטארען און 21 קאנגרעס־מען, בעווייזען אָבער דעם געגענטהייל, וויא אויך דיא קאריערע פון אָסקאר שטראוס, מיניסטער צו טערקייא און פערטרעטער פון פעראייניגטע שטאאטען צום אינטערנאציאנאלען פריעדענס־טריבונאל; דזשעסע זעליגמאן, וועמען פּרעזידענט גרענט האט פּארגעלעגט דיא שטעלע אלס סעקרעטער פון דיא טרעזשורי.

פּרעזידענט רוזעוועלט האט זיך אויסגעשפּראָכען לעטצטען דזשון: „צייט וואשינגטאָן האט געלעבט ביז היינטיגען טאג, איז קיין שטרייט פאָרגעקומען אין וועלכע אידישע בירגער האבען קיין וויכטיגען אנטהייל גענומען און זיך אויסגעצייכענט מיט עהרע פאר אונזער נאציאן.“

דיא אידען, וועלכע האבען פּארטראטען וויכטיגע און פעראנט־וואָרטליכע שטעלען אין דיא ערשטע אבטהיילונג פון דיעזען יאהר־הונדערט, זיינען געווען פּאָרטוגעזער, שפּאניער אדער דייטשען, איבער־הויפּט. נאכהער זיינען געווען אזוי פיעל דייטשע אידען אין דיעזע לאנד, דאס בייא פיעלע פּערזאָנען איז געווען דאסווארט דייטש און יוד איינס און דאס זעלבע. און יעטצט קומט אָפט מאל פאר דאס אונזערע פריינד ניט־אידען, ווען זייא ווילען געברויכען דעם ווארט „איד“ אויף א פיינעם ארט, רופען זייא איהם „דייטש.“

פּונקט וויא דיא ענגליש ספרדים האבען אויפגעהערט צו עמיגרירען

אין דיעזע לאנד צייט 1850, אזוי האבען דיא דייטשע יהודים אנגע־פאנגען צו קומען וואס וועניגער נאך ניו יארק צייט 1871, לאזענדיג פלאטץ פאר דעם גרויסען שטראם פון עמיגראציאן פון רוסלאנד, וועלכער האט זיך אנגעפאנגען אין 1882 און האלט זיך אין איין פער־גרעסערען. צוויא דריטעל פון דיא אידישע עמיגראנטען קומען פון רוסלאנד און איין דריטעל פון עסטרייך־אונגארן און רומעניען.

פיעלע פון דיא ערשטע אידישע עמיגראנטען זיינען געווען פעדלערס, פייאָנירען פון האנדעל און פון דיא פעק וואָס זייא האבען געטראָגען אויף זייערע רוקענס, איז ענטשטאנדען דיא גרויסע קאָמערציע אין דעפארטמענט סטאָרס, וועלכע מיר זעהן יעטצט אין אללע גרויסע שטעדט, אָסט, וועסט, זיד און נאָרד.

ווען דיא פערפאָלגונגען פון אידען אין רוסלאנד (1849-1887) האבען געטריבען פיעלע צו אונזערע האפענס, האט געלעבט אין נ׳יוארק איין אידישעס יונגעס מעדכען, מיט דעם נאמען עממא לאזארוס, וועלכע האט זיך שטארק פעראינטערעסירט מיט אידישע פראגען און אנגע־לעגענהייטען און האָט אָנגעפאנגען א ליטערארישען שטרייט געגען דיא אונמענשליכע בעהאנדלונגען פון איהרע אידישע אונגליקליכע ברידער.

דער רוסישער איד, וויא מיר אללע ווייסען, קען וועניג וואָס אויפטאהן אין רוסלאנד, זעהר זעלטען ווען ער לערענט זיך א מלאכה, און אז ער קומט נאָך אמעריקא פערשטעהט ער דערצו ניט דיא פיהרונ־גען פון דיעזע לאנד און איהר שפראכע. דארום האבען זייא פון אָנפאנג געארבייט בייא פערשיעדענע אבטהיילונגען פון דיא קלאטהינג טרייד, ערהאלטענדיג פיר זיין ארבייט ניט אמאל גענוג פאר זיין לעבענס־מיטעל.

נאכהער איז אריבער געקומען א געבילדערטערע קלאסע, מעהר־סטענטהיילס סטודענטען, וועלכע זיינען געוואָרען אנפיהרערס פון

זייער פאָלק, אויפהייבענדיג דיא אידעאלען און בעגריפע פון לעבען און אָרגאַניזירענדיג זייא פיר זעלבסט-פערטהיידיגונג. דיא מאטא פון אַ אידישע צייטונג וועלכע ווירד ארויסגעגעבען פון אידישע ארבייטער לויטעט: „דיא בעפרייאונג פון דיא ארבייטער איז דיא זאכע דער ארבייטער זעלבסט".

אב. קאהן, דער רעדאקטאר פון דיעזע צייטונג, וועלכער האט ספעציעל געלערענט דאס לעבען פון דער אידישער גהעטא, און דער אידישער פאָעט מאָררים ראָזענפעלד, האבעןביידע אונז געגעבען ריכטיגע שילדערונגען פון דיא קלעגליכע סוועט שאפס און טענעמענט הייזער. פון דעסטוועגען דערצעהלט אונז וויליאם ללאָיד גאַרניסאָן, דאָס אייניגע אָרימע לייטע פון אַ סוועטינג-שאפ האבען זיך צוזאמענגענומען און געדאנקט גאטט אונד דיא פעראיי-ניגטע שטאאטען, דאפיר, וואָס זייער יעטצטיגע לאגע איז אזוי פיעל בעסער פון דיא ערנידערונגען פון וועלכע זייא זיינען אוועק.

מאַנכע קוקען מיט שרעק אויף ווייטערע עמיגראציאָן אין דיעזען לאַנד, פאַרגעסענדיג דאָס אַלע אַמעריקאנער (מיט דיא אויסנאהמע פון דיא אינדיאַנער) קומען ארויס פון עמיגראַנטען. ריטשאַרד וו. געלדער פון דיא סענטשורי מאגאזין, האט ערקלעהרט בעפאר דיא ניישאָנאל עדיוקיישאן אסס'ן, דאס „אין אַ געוויסען אנזיכט ענטהאלט אין זיך דיא אידישע עמיגראַציאָן דעם בעסטען עלעמענט פיר דיא צוקינפטיגע בירגערשאפט, וועלכע מיר האבען". קיין זאך בלייבט רוהיג שטעהען אויף איין פלאטץ וואו אידען זיינען פאראַן.

„דיא געזעטצע וועלכע משה רבינו האט אונז געגעבען אין דער מדבר, דיענען יעצט אין דיא ניו יאָרקער טענעמענט הייזער אלס אַ צוריק האלטונג פון צו-אָפטע שטערבע פעללע און אלע פאָרשרייבונגען

פון דיא באָרד אָף העלטה קענען זיך ניט פערגלייכען מיט זיי״ בעמערקט דזשאָזעף רייס. ניט פיעלע ווייסען פיליייכט, דאָס דער קלענסטער צאָהל פון שטערבע-פעלע אין אונזערע גרויסע שטעדט איז אין דיא אבטהיילונגען וואו דיא אידישע בעפעלקערונג איז געדיכט. אנ־שטעקענדע קראנקהייטען קוממען פאָר פיעל זעלטענער וויא אין אַנדערע פלעטצער, מיט דער אויסנאהמע פון אויסצעהרונג (קאָנסאמ-שאָן) וועלכע האט אין דיא לעטצטע יאָהרען געפונען אזוי פיעל אָפּפער צווישען דיא אָרימע עמיגראַנטען, דאָס מען האט געפונען פיר נויטהיג צו גרינדען אַ נאַציאָנאַלען אידישען האספּיטאל אין דענווער, קאלא־ראדאָ, פיר קאנסאמפּטיווס. פּראָפעסאָר ריפּלי, האלטענדיג אַ סעריע לעקטשורס אין לאָועל אינסטיטוט איבער דיא ראַססען פון יוראָפּ, האט זיך אויסגעשפּראכען וויא פאלגט: ״לאָמיר נעהמען צוויי גרופּען קינדער, א הונדערט פון יעדע, וועלכע זיינען געבאָרען געוואָרען אין דעמזעלבען טאָג; איין גרופּע אַ אידישע און דיא אַנדערע פון אַמערי־נער געבורט, און אָבוואהל אַלע געזעלשאַפטליכע פּריווילעגיען זיינען פיר דיא לעטצטע, דאָך צייגט אונז אויף דיא סטאטיסטיק דאס איין העלפט פון דיא אמעריקאנער קינדער וועלען אויסשטארבען אין פערלויף פון 47 יאהר און צו דיא אידישע ווערט זיך קיין קראנקהייט ניט נעהמען ערשט ביז נאָך 71 יאהר. דער שטערבע-צאהל פון אידען איז עטוואָס אריבער אַ העלפט פון אַמעריקאנער.

לאָמבראָזאָ האט דאס זעלבע געזאָגט מיט אַנדערע ווערטער: „פון אַ טויזענד געבארענע אידישע קינדער וועלען בלויז 217 שטארבען בעפאָר זייא עררייכען דעם אלטער פון 7 יאהר, ווייל קריסטליכע וועלען שטארבען 453 (מעהר וויא צווייא מאהל אַזוי פיעל) אין פערלויף פון דערזעלבער צייט.

וויא מיר זעהן פון דעם אלטען און נייעם טעסטאמענט, האט זיך דער איד אמאָל שטאַרק אָבגעגעבען מיט אגריקולטור (ערד־בעארביי־טונג) אָבער דיא פערפאָלגונגען האבען איהם דערפון אָבגעוואהנט. פערדאנקענדיג דער אונערמידליכער ענערגיע פון דיא אגריקולטור אינדוסטריאל אייד סאסייעטי, פון ניו יארק, מיט דער מיטווירקונג פון דיא אידישע אגריקולטור אייד סאסייעטי, פון שיקאגא, איז צו האפפען דאס זייער צוריק קעהרונג צו ערד־ארבייט וועט אויסאיבען א וואונ־דערבאַרע ווירקונג אויף דיא גייסטליכע און קערפערליכע ענטוויקלונג פון דעם אידען אוועקנעהמענדיג איהם פון דיא שמוציגע וואהנונגען, פון דיא שטיקענדע סוועט־שאפּס, פון דער זאָגענאַנטע געטהאָ, באזעטצענדיג איהם אויף א פאַרם.

אין 1891 איז געגרינדעט געוואָרען א אידישע קאָלאָניע אין וואוד־ביין, ניו דזשאָרזי, פון דעם באראן דע־הירש פאָנד, דיא עמיגראַנטען וועלכע האבען זיך דאָרט בעזעצט, ערווארטענדיג דאָרט צו האבען א היים בלויז אויף א קורצע צייט, זיינען נאכהער געוואָרען אזוי ערפאלג־רייך, דאס דיא קאלאניע איז אינקארפּאָרירט געוואָרען אלס א טאון, אויסערוועהלענדיג איהרע אייגענע בירגער, נאטירליך אלע אידישע, איהר צו רעגירען. דיעזע שטאדט וויים פון קיינע ליידיג־געהערס און אָרעמע לייט; ווייל עס איז דאָ גענוג ארבייט פיר יעדען איינעם; אויך זיינען דאָרט קיינע שיכורים דאָ, אָבוואהל דיא שטאָדט האט לייסענס פיר סאלונס.

דער באראן דע־הירש פאנד, וועלכער בעשטעהט פון א קאפּיטאל פון $6,000,000 ווערט בענוטצט אום צו בילדען און אויסהעלפען דיא רוסישע און רומענישע עמיגראנטען, צו העלפען דיא אידען וועלכע ווילען זיך זעלבסט העלפען.

דיא אידען מעגען זיך שטאָלץ האלטען מיט זייערע וואהלטעטיגע אנשטאלטען. זייערע בילדונגס אנשטאלטען זיינען ניט אזוי גוט בעוואוסט. איינינע פון זייא (עס איז ווערטה זייא צו דערמאָנען צוליב דעם גרויסען ווירקונג וואס זייא האבען געהאט אויף דעם אמעריקאנער יודענטהום) זיינען „דיא היברו יוניאן קאלעדזש,“ געגרינדעט בייא דאקטאר וויס, מיט דעם אבזיכט צו האבען געבילדעטע און אויפגעקלעהרטע ראבבים פאר אידישע געמיינדעס; „דיא דזשואיש טהעאָלאָגיקאל סעמינארי,“ אין ניו יארק, וועלכע רעפרעזענטירט דעם אידישען־אמעריקאנישען קאָנסערוואטיזם, און איבער וועלכען דאקטאר שעכטער, איינער פון דיא גרעסטע אידישע געלעהרטע, איז פארזיצענדער; דיא אידישע פארם־סקוהל אין דאילטאן, פענסילוועניא; דיא אידישע פאבליקיישאן סאסייעטי פון פילאדעלפיא; דיא אידישע היס־טאָריקאל סאסייעטי פון ניו יארק; און, ואחרון אחרון חביב,—דיא קאנסיל פון אידישע פרויען, וועלכע צייגען אויף דעם ווערטה און בעדייטונג פון דער היסטארי אין גלויבען פון זייערע אבות.

דיא ליעבע, וועלכע דער איד האט פיר לעהרע און בילדונג איז אלט אריבער 3000 יאהר. דורך דיעזער גאנצער צייט איז דער אידישער יונגער דור געווען געצוואונגען זיך צו לערנען און בילדען. אין דיעזע לאנד פון גלייכע געלעגענהייטען, האט ער געמאכט גרויסע פאָרט־שריטע. צווישען דיא אלע געלעהרטע געפינען זיך מעהר און מעהר אידען, וועלכע האבען געמאכט א גרויסען ערפאלג. אין דיא פאבליק סקוהלס איבערשטייגט ער אלע אנדערע, וויא דיזראעלי האט בעמערקט: „דוא און איך בעלאנגען צו איין ראסע וואס קען טהון אלסדינג, נור ניט אויפהערען צו עקזיסטירען“.

אין א ספעציעלע קאָרעספאנדענץ פון ניו יארק צום טראנסקריפט, לעזען מיר וויא פאָלגט:—

„פון דער אנדערגרעדזשועט דעפּארטמענט פון קאלומביא יוני־ווערסיטי זיינען 25 פּראצענט אידישע סטודענטען. דער זעלבער גרויסער פּערסענטיידזש פון קאלעדזש אין סיטי אף ניו יארק זיינען אידען. פיעלע אמעריקאנער קריסטליכע פאמיליעס פון דיעזע שטאַדט, שיקען זייערע זיהן אין האַרוואַרד, פּרינסטאן און יעיל (Yale): נור דערפאר ווייל זיא ווילען דאס זייערע קינדער זאלען זיין צווישען אמעריקאנער אומגעבונגען, און עס וועט באַלד וואהר זיין, דאס ניו יארק וועט קיין קאַלעדזש ניט האבען פיר קריסטליכע באָיס“.

עס איז מעגליך דאס דיעזער קאָרעספּאָנדענט ווייסט ניט, אז דיא בארנארד קאלעדזש האט צו פערדאנקען זיין עקזיסטענץ צו איין אידישע פרוי, מרס. אנניע נייטהאן מייער.

כמעט אין אַלע גרויסע יוניווערסיטעטען, הארוואַרד, יעיל, שיקאגא, קאַליפארניא, קאלומביא, דזשאן האָפּקינס, א. ז. וו. האבען איינע אבטהיילונג פון סעמיטיקס, און אבוואהל דער אידישער סטודענט איז פערצווייפלונגספאל אונוויסענד אין בעצוג צו זיין יודענטהום, דאָך איז ער זעלטען פעררעכענט אין דיעזען קורס. הארוואַרד האט צוויי אידען אין איהר פאקולטעט און אַ גרויסער פּערסענט פון איהרע שיהלער זיינען פון אידישע עלטערען. אויך איין סעמיטיק מיוזעאום, עטאבלירט בייא דזשייקאב שיף.

דאס אמעריקאנער פאלק האט מעהרערע מאל געוויזען דיא טהיר צו דיא יעניגע וועלכע זיינען געוועזן אין דיעזע לאנד מיט דעם צוועק צו פערשפּרייטען אנטי־סעמיטיזם, גלויבענדיג דאס דיעזער שלעכטער גייסט בעלאַנגט צו דיא „שוואַרצע צייטען“ און קען ניט עקזיסטירען אין דער ליכטיגער צייט פון בּילדונג, און זייער סימפּאטהי צו דיא פערפאלגטע אידען איז עפענטליך בעוויזען געווארען.

ביי א מיטינג אין טשיקערינג האלל, ניו יאָרק, דעם 2טען פעב־
רואר, 1882, וואו דער מעיאר און דאקטאר הייל זיינען געווען פאָר־
זיצענדע, איז געפּאסט געוואָרען פאָלגענדע רעזאָלושאָן: „דיא אמערי־
קאנער בירגער האבען געהערט מיט טרויער און פעראכטונג פון דיא
צרות וואס דיא אידען מוזען אויסשטעהן אין רוסלאנד, אונד דאס אין
נאמען פון ציוויליזאציאָן פּראָטעכטירען מיר געגען דיא פערפאָלגונגען
וועלכע פּאססען פאר׳ן מיטטעלאלטער. מיר סימפּאטיזירען מיט אונזערע
אידישע מיט־בירגער אין זייערע ענערגישע אונטערנעהמונגען צו וויל־
קאָמען דיא פערפאָלגטע.״ וויא מר. עדוואַרטס האט זיך אויסגעשפּראָכען:
„דאַ האנדעלט זיך ניט וועגען דעם דאס אידען ווערען פערפאָלגט פון
קריסטען, זאָנדערן, מענער און פרויען ווערען גערריקט פון מענער און
פרויען—און מיר זיינען מענער און פרויען.״

אין יאהר 1902 האבען דיא פעראייניגטע שטאאטען, אים נאמען
פון הומאניטעט, פּראטעסטירט צו רומעניען געגען דיא דאָרטיגע
אונמענשליכע בעהאנדלונגען געגען אידען. דורך דעם איינפלוס פון
איזידאר שטראוס און סיימאן וואָלף, האט סעקרעטערי הייא געשיקט
א נאָט צו דיא מעכטע וועלכע האבען אונטערגעשריבען דעם בערלינער
טראַקטאַט, דערמאָנענדיג זייא אָן דיא פארזיכערונג וועלכע זייא
האבען געגעבען, דאס אין דיא קלענערע לענדער פון יוראָפּ, וועלען
אַלע האבען דיא זעלבע געזעלשאפטליכע און פּאָליטישע רעכטע, ניט
אַכטענדיג אויף זייער רעליגיעזען גלויבען. אין דער ביטע, וועלכע
סעקרעטער הייא האט געוואלט פארלעגען פאר דער רוסישער רעגירונג
נאָך דעם פּאָגראָם אין קעשינעוו, צייגט אמעריקא ווידער איהר
שטארקען גלויבען אין גלייכע מענשליכע רעכטע.

אין אמעריקא, אין דיא לאנד פון פרייהייט, און דיא לאנד וואָס

ווינשט יעדען ווילקאָמען, ווען דיא זאָ גענאנטע „אידישע פראגע" פערענטפערט ווערען.

ביז יעצט האבען מיר געשטודירט דעם אידען פון דער פער־גאנגענהייט, וויא ער האט אלעס געליטען און אלעס אויסגעשטאנען. מיר זעלבסט זיינען דיא אידען פון דער געגענווארט, מיט אלע איהרע פעראנטווארטליכקייטען, געלעגענהייטען און אונענדליכע מעגליכקייטען. יעצט וועגען צוקינפטיגע אידען. וואס וועט ווערען פון יודענטהום? דאָ אין אמעריקא מוזען מיר אנערקענען דאס דיא אידישע נאַציאָנאַ־ליטעט איז מעהר ניט וויא עטוואס גייסטיגעס, אז דאס יודענטהום איז א רעליגיאָן און ניט קיין ראַסע, דער אונטערשייד איז נור צווישען איד און קאטאָליק, אָדער צווישען איד און פּראָטעסטאנט, אבער ניט צווישען איד און אמעריקאנער.

צייט דער איד האט פערלאזען זיין אייגענע לאנד, האבען זיך נאטירליך אלע זיינע האפנונגען קאָנצענטרירט אויף פּאלעסטינא, און פאָרווארטענדיג דיא צוריק קעהרונג נאך ציון האט ער אויסגעפיהרט זיין מיסיאָן צו הומאניטעט. יעטצט אָבער, ווען יעדער איינוואהנער פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען, האט פאלקאמענע געזעלשאפטליכע און רעליגיעזע פרייהייט, ערקלעהרענדיג אויסדריקליך אין דיא דעקלע־ריישאן אף אינדעפּענדענס, דאס אלע זיינען בעשאפען געוואָרען צו גלייך, דאס דיא פרייהייט קומט יעדען אלס זיין געבורטס־רעכט,— יעטצט דארף דער אמעריקאנער איד אויפהערען צו ווינשען צוריק צו קעהרען צו דיא הייליגע לאנד ווייל מיר זיינען צופריעדען דאס אמעריקא וועט אויספיהרען דיא מיסיאָן (אויב עס איז אזעלכע פאראן) פון יודענטהום—אמעריקא, דער היינטיגער ארץ ישראל.. זאָל אמעריקא פארנעהמען דעם פּלאטץ פון פּאלעסטינא, און דיא פּראָפעצייאונגען

פון אונזערע נביאים וועלען מעהר ניט זיין וויא פוסטע חלומות, זאָנדערן דיא ווירקליכקייט. דער גייסט פון דער צייט האט געווירקט אויף'ן איד גלייך וויא אויף'ן קריסט, יעדער איינצעלנע פערזאָן זייענדיג אָבהיינגיג פון דיא מענשען מיט וועלכע ער לעבט מיט. מיר קענען ניט אָבטהיילען איינעם פון גאנצען כלל. מיר, וועלכע לעבען אין 20־טען יאהר הונדערט, האבען געזעהען דיא ערהעבערונג פון דער רעליגיאָן אין דער וועסטערן וועלט, פעראורזאכט געוויסער מאססען פון וויסענ־שאפטליכע ענטדעקונגען און פון דיא קריטישע שטודירונגען פון דער בייבעל.

קאנט און פיכטע, דארווין און ספענסער, צווישען אנדערע האבען געצוואונגען דיא ציוויליזאציאָן אנצוערקענען נייע וואהרהייטען, „ענט־וויקלונג" איז יעטצט דער פאס־ווארט פון רעליגיאָן וויא אויף פון וויסענשאפט.

פארטנעשריטענע יודענטהום איז געגרינדעט אויף מאדערנע פרינסיפעלס, און דער גייסט פון רעליגיאָן הארמאנירט יעטצט מיט דעם גייסט פון דער צייט. אונטער דיעזען איינפלוס האלט זיך דער יודענטהום צוזאמען, און איהר רעליגיאָן לערענט דיא וועלט וויא צו ל ע ב ע ן אנשטאט וויא צו שטארבען, אנלעגענדיג גרויס געוויכט אויף דעם לעבען אויף ד ע ר וועלט און י ע ט צ ט ; בעקאנטמאכענדיג דיא וועלט מיט דעם בעגריף פון א י י ן ג א ט ט ; פערשפרייטענדיג פריעדען און ברידערליכקייט ; לערנענדיג ניט נור גלויבען אין געטליכקייט זאָנדערן גלויבען א י ן מענשליכקייט.

מ. ר. ע.

## 2.

# (Citizenship) (*בירגערשאפט

## וואס א בירגער איז און דיא בירגער-געזעצע פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען.

---

א בירגער (citizen) הייסט א מיטגליעד פון א לאנד.

עס זיינען צוויא סאָרטען בירגער. געבאָרענע און געוואָרענע. געוואָרענע בירגער הייסען נאטוראליזירטע (naturalized citizens)

פון א בירגער ערווארטעט דאס לאנד, אז ער זאָל זיין טרייא דיא געזעצע, און דאפיר האָט ער צו ערווארטען פון זיין רעגירונג שוץ און זיכערהייט אינלאנד און אויסלאנד.

דיא שלעכטע בעהאנדלונג פון א בירגער אין א פרעמדען לאנד קען לויט דיא געזעצע פון דיא פעלקער דיענען אלס אן אורזאך פיר א קריעג.

אין דיא פעראייניגטע שטאאטען פון אמעריקא האָט דער געוואָרענער בירגער דיא זעלביגע רעכטע וויא דער געבאָרענער, מעהר ניט אין איין זאך—ער קען ניט גערועהלט ווערען פיר פרעזידענט אָדער וואיס-פרעזידענט פון דיא פעראייניגטע שטאאטען.

דיא פעראייניגטע שטאאטען זיינען פערפליכטעט צו שיצען

---

*) ענטנומען פון הארקאוויס „קאנסטיטוציאָן פון דיא פעראייניגטע שטאאטען"

זייערע נאטוראליזירטע (געוואָרענע) בירגער איבעראל.*) אויסער אין דיא לענדער, אין וועלכע זייא זיינען געבאָרען געוואָרען, ווען אין דיא דאָזיגע לענ־ער עקסיסטירט אַ געזעץ, דאָס זייערע אונטערטהאַנען קענען ניט ווערען אויס בירגער; ווייל אין אַזאַ פאַל וועט עס הייסען, אַז דיא פעראייניגטע שטאאַטען מישען זיך אין דיא געזעצע פון פרעמדע לענדער. אין רוסלאנד און אין דער שווייץ, צום ביישפּיל, עקסיסטירען אַזעלכע געזעצע. דיא פעראייניגטע שטאאַטען אַנערקענען יע דאָס רעכט פון יעדען צו ווערען אויס בירגער.

בירגער פון דיא פעראייניגטע שטאאַטען קענען ווערען אַלע וועלכע געהערען צו דער ווייסער ראַסע, און אויך דיא, וועלכע געהער צו דער שווארצער אַפריקאנישער ראַסע (נעגרעס), אָבער ניט דיא, וואָס געהערן צו דער מאנגאָלישער ראַסע, וויא כינעזען, יאַפּאַנעזער או. אז וו

אַן אויסלענדער, וואָס וויל ווערען אַ בירגער פון דיא פעראייניגטע שטאאַטען, מוז האָבען געוואוינט פינף יאהר אין לאַנד און דעם גאַנצין לעצטען יאהר אין דעם שטאַאט, אין וועלכען ער וויל הערויסנעהמען דעם בירגער־שיין. איידער מען איז אב דיא פינף יאָהר דארף מען הערויסנעהמען דיא ערסטע פּאַפּיערען, אין וועלכע מען ערקלערט, דאָס מען וויל ווערען אַ בירגער. דיזע פּאַפּיערען קענען הערויסגענומען ווערען גלייך וויא מען קומט אָן אין לאַנד (דאָס איז אַם בעסטען) אָדער ווענינגסטענס צוויא יאָהר פאר דעם וויא דיא פינף יאָהר לויפען אָב.

*) וועגען נאַטוראַליזירטע בירגער האָט פּרעזידענט ביוקאַנאַן, אין 1860, געזאָגט אַזוי: "Our government is bound to protect our naturalized citizens every where" („אונזער רעגירונג איז פערפליכטעט צו שיצען אונזערע געוואָרענע בירגער אומעטום.")

דער וואָס האָט געוואוינט אין דיא פעראייניגטע שטאאטען דרייא יאָהר איידער ער איז געוואָרען איין און צוואנציג יאָהר, קען ווערען א בירגער אָהן דיא ערסטע פאפיערען, ווען ער האָט נאָך איין-און-צוואנציגסטען יאָהר געוואוינט אין לאנד נאָך צווייא יאָהר (מיט דיא פריהערדיגע דרייא מאכט עס אויס פינף יאָהר).

דיא פינף יאָהר, וואָס מען דארף וואוינען אין לאנד, דארפען זיין כסדר, דאָס הייסט, ניט אבפאָהרענדיג אונטער דער צייט אין אַן אנדער לאנד.

ווען מען געהט ווערן א בירגער, דארף מיט זיך בריינגען אַן עדות, וועלכער זאָל בעציינען, דאָס מען האָט ווירקליך געוואוינט אין לאנד פינף יאָהר כסדר.

ווען אַ פאמיליען-מאן ווערט א בירגער פון דיא פעראייניגטע שטאאטען, ווערען שוין דורך דעם זיין ווייב און קינדער אויך בירגער.

דיא אלמנה און דיא קינדער פון אן אויסלענדער, וועלכער האָט הערויסגענומען דיא ערסטע פאפיערען, ווערען בירגער פון דיא פער-אייניגטע שטאאטען אויף דיא קראפט פון דיא זעלביגע פאפיערען, ווען זייא מעלדען זיך צום ריכטער נאָך דער בעשטימטער צייט.

בירגער שיינען ווערען הערויסגעגעבען אין דיא גערכט-הייזער פון יעדער שטאָדט.

פערזאָנען פון אזעלכע לענדער, וועלכע זיינען מיט דיא פעראיי-ניגטע שטאאטען אין קריעג, קענען ניט אויפגענומען ווערען אלס בירגער פון דיא פעראייניגטע שטאאטען.

ביין ווערען א בירגער פון דיא פעראייניגטע שטאאטען דארף מען שווערען, דאָס מען ענטזאגט זיך פון דער רעגירונג, צו וועלכער מען האָט פריהער געהערט, און דאָס מען אנערקענט דיא קאנסטיטו-

ציאָן פון דיא פעראייניגטע שטאאטען. אויסלענדער וואָס האָבען אדעל-טיטלען מוזען זיך פון זייא ענטזאגען.

ווען דער בירגער-קאנדידאט קומט פאר'ן ריכטער הערויס צונעה-מען זיין בירגער-שיין, שטעלט איהם דער ריכטער געוויסע פראגען, וועלכע ער דארף וויסען וויא צו ענטפערן. דיא הויפט-פראגע איז גע-וועהנליך, צו האָט ער געלעזען דיא קאנסטיטוציאן פון דיא פעראייניגטע שטאאטען. דער קאנדידאט, נאטירליך, דארף קענען דיא קאָנסטיטו-ציאָן און ענטפערן „יע.“ דיא אנדערע פראגען, וועלכע דער ריכטער שטעלט, בערוהען מעהרסטענס אויף דער קאנסטיטוציאָן פון דיא פעראייניגטע שטאאטען; מאנכע זיינען קליינע זייטיגע פראגען, וועלכע יעדער פערשטענדיגער מענש קען וויסען צו ענטפערן ניט געלערנ-טערהייד.

☞ אויף דער נעכסטער זייט הייבט זיך אָן א פערצייכניס פון דיא געוועהנליכע פראגען, וועלכע דער ריכטער שטעלט, און דיא ענטפערס, וועלכע דער בירגער-קאנדידאט דארף אויף זייא געבען.

# פראגען און ענטפערס.

Who makes the laws of the United States?

— The Congress at Washington.

Who makes the laws of the State?

— The State Legislature.

Who makes the laws of the city?

— The Board of Aldermen.

For how long is a United States Senator elected?

— For six years.

For how long is a Congressman elected?

— For two years.

Who elects the United States Senators?

— The State Legislature.

ווער מאכט דיא געזעצע פון דיא פעראייניגטע שטאאטען?

— דער קאנגרעס אין וואשינגטאָן.

ווער מאכט דיא געזעצע פון דעם שטאאט?

— דאס געזעץ־געבער הויז פון דעם שטאאט.

ווער מאכט דיא געזעצע פון דער שטאָדט?

— דיא פערזאמלונג פון די שטאָדט־דעפוטאטען.

אויף וויא לאנג ווערט א סענאַטאָר פון דיא פעראייניגטע שטאאטען געוועהלט?

— אויף זעקס יאהר.

אויף וויא לאנג ווערט א קאָנגרעסמאן געוועהלט?

— אויף צווייא יאהר.

ווער וועהלט דיא סענאַטאָרען פון דיא פעראייניגטע שטאאטען?

— דאָס געזעץ־געבער הויז פון דעם שטאאט.

Who elects the Representatives of the people (Congressmen)?

— The people.

Who elects the President of the United States?

— The people through electors.

How Many Senators go from each State?

— Two.

How many Representatives (Congressmen) go from each State?

— That depends on the population of the state.

How many Representatives go from the State of New York?

— Thirty-four.

ווער וועהלט דיא פערטרעטער פון דעם פאָלק (דיא קאָנגרעס לייט)?

— דאָס פאָלק.

ווער וועהלט דעם פרעזידענט פון דיא פעראייניגטע שטאאטען?

— דאָס פאָלק, דורך וואהל-מענער.

וויא פיעלע סענאטאָרען געהן פון יעדען שטאאט?

— צווייא.

וויא פיעלע פערטרעטער (קאָנגרעס-לייט) געהן פון יעדען שטאאט?

— דאָס ווענט זיך אָן דיא בעפעלקערונג פון דעם שטאאט.

וויא פיעלע פערטרעטער געהן פון דעם שטאאט ניו יארק?

— פיער און דרייסיג.

☞ יעדער דארף וויסען דיא צאָהל פון דיא פערטרעטער פון זיין שטאאט אום ריכטיג צו ענטפערען אויף דיזע פראַגע.

Do you vote for the President direct or indirect?

— Indirect.

Who is the head (אָד. Chief Executive) of the United States?

וועהלט מען פיר דעם פרעזידענט גלייך, אָדער ניט גלייך פיר איהם?

— ניט גלייך פיר איהם.

ווער איז דער הויפט (דער העכסטער בעאמטער) פון דיא פעראייניגטע שטאאטען?

— The President.

— דער פּרעזידענט.

Who is the head of the State?

ווער איז דער העכסטער בעאמטער פון דעם שטאאט?

— The Governor.

— דער גאָווערנער.

Who is the head officer of the city?

ווער איז דער העכסטער בעאמטער פון דער שטאָדט?

— The Mayor.

— דער בורגמייסטער.

Where is the capital of the United States?

וואו איז דיא הויפּטשטאָדט פון דיא פעראייניגטע שטאאטען?

— At Washington, District of Columbia.

— אין וואשינגטאָן, בעצירק פון קאָלאָמביא.

Where is the capital of this State?

וואו איז דיא הויפּטשטאָדט פון דיעזען שטאאט?

☞אום צו ענטפערען דיזע פראגע דארף יעדער וויסען דעם נאמען פון דיא הויפּט שטאדט פון זיין שטאאט.

How many States are in the Union (United States)?

וויא פיעלע שטאאטען זיינען אין דעם בונד (ד. ה. אין דיא פעראייניגטע שטאאטען)?

— Forty-five.

— פינף און פערציג.

How many Senators are in the United States?

וויא פיעלע סענאטאָרען זיינען דאָ אין דיא פעראייניגטע שטאאטען?

— Twice as many as States (ninety).

— צווייא מאָל אזוי פיעל וויא שטאאטען (ניינציג).

How do you call the two branches of congress?

וויא הייסען דיא צווייא אבטהיילונגען פון דעם קאָנגרעס?

— House of Representatives and Senate.

Of how many departments does the Government of the United States consist?

— Of three: Legislative, Executive and Judicial.

What does the Constitution of the United States guarantee?

— Liberty of conscience, free press and free speech.

When was the Declaration of Independence made?

— July 4, 1776.

When was the Constitution of the United States adopted?

— September 17, 1787.

When did the Constitution go into effect?

— March 4, 1789.

— פערטרעטער־הויז און סענאט.

פון וויא פיעלע אבטהיילונגען בעשטעהט דיא רעגירונג פון דיא פעראיינינגטע שטאאטען ?

— פון דרייא: געזעצ־געבענדע, געזעצ־אויספיהרענדע און געריכטליכע

וואָס גאראנטירט דיא קאָנסטיטוציאָן פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען ?

— פרייהייט צו האנדלען נאָכ'ן געוויסען, פרייע פרעסע און פריי רעדען

ווען איז דיא אונאבהענגינקייטס (פרייהייטס) ערקלעהרונג געמאכט געוואָרען ?

— דעם 4טען יולי, 1776.

ווען איז דיא קאָנסטיטוציאָן פון דיא פעראייניגטע שטאאטען אָנגענומען געוואָרען ?

— דעם 17טען סעפטעמבער, 1787.

ווען איז דיא קאָנסטיטוציאָן פון דיא פעראייניגטע שטאאטען העריין אין קראפט ?

— דעם 4טען מערץ, 1789.

☞דער לערנער זאָל גוט מערקען, דאָס דיזע זיינען נאָר דיא געוועהנליכע פראַגען; דער ריכטער קען שטעלען נאָך פיעלע אנדערע פראגען, אויף וועלכע מען קען נור ענטפערען, ווען מען האָט געלעזען דיא קאָנסטיטוציאָן פון דיא פעראייניגטע שטאאטען. דער בירגער־קאנדידאַט זאָל אַלזאָ גוט דורכלעזען דיא קאָנסטיטוציאָן פון אָנפאנג ביז׳ן סוף, איידער ער געהט צום עקזאמען פון דעם ריכטער. לעזענדיג דיא קאָנסטיטוציאָן זאָל מען איבערהויפט זיין אויפמערקזאם אויף דיא פונקטען, וועלכע האבען צו טהאן מיט רעגירונג, בעאַמטע, פאלקס פערטרעטער, עלעקטארס, ווייל דאָס איז דער עיקר און דאָס איז גראַדע אויך דער לייכטסטער טהייל פון דער קאָנסטיטוציאָן. עס מוז ענדליך בעמערקט זיין, דאס עס איז פיעל גרייכער פיר דעם לעהרלינג צו לערנען דיא קאָנסטיטוציאָן מאַקי זיא גוט צו קענען, וויא זיא בלויז דורכצובלעטערן מיט דעם צוועק צו קענען וויא עס איז ענטפערן דעם ריכטער׳ס פראַגען   עס איז ניטאָ קיין וויכטיגערע זאך פיר א בירגער צו קענען, וויא דיא קאָנסטיטוציאָן פון זיין לאנד.



## 3.

# איין איבערבליק איבער דאס וועזען אונד טהעטיגקייט פון דיא סיוויק סערוויס הויז.

דיא „סיוויק סערוויס הויז" פערדאַנקט איהר עקזיסטענץ איינע וואהלטהעטיגע פרויא וואס האט דיעזען אינסטיטושאָן געגרינדעט אין יאהר 1900 פאר'ן בענעפיט פון דיא נייע איינגעוואַנדערטע פון באסטאן און ספּעציעל פון דיא נאָרטה־ענד.

דיא הויפּט אויפגאבע אונד טהעטיגקייט פון דיא סיוויק סערוויס הויז איז אויסצובעסערען דיא עקאָנאָמישע, גייסטיגע און מאָראַלישע לאגע פון דיא איינגעוואנדערטע אידען אין דיזער שטאָדט. אום דיעזען צוועק צו עררייכען, ד. ה. אום דאָס זייא זאָלען זיך שנעל אויסגרינען אונד בעקאנט ווערען מיט'ן אַמעריקאנישען גייסט אונד זיטטען, האָט דיא סיוויק סערוויס הויז „ענגלישע קלאססען פאר אימיגראנטען. דיעזע קלאססען ווערען בעזוכט פון אימיגראנטען באַלד נאָך זייער קומען נאך אַמעריקא. עס ווירד דאָרט געלערענט ענגליש אין א גוטע און לייכטע מעטהאָדע, אום דאָס זייא זאָלען קענען בעזוכען אין א קורצער צייט דיא איווניננ פּאבליק סקוהלס (פּאָלקס־שוהלען). אויסער דיא ענגלישע שפּראַך ווערען דאָרטען דיא אימיגראַנטען אויף בעקאַנט געמאַכט מיט דיא אַנגעלעגענהייטען פון זייער נייעם פאטערלאַנד.

ווייל עס איז פאראַן א גרויסער צאָהל פון אידישע ארבייטער וואָס ארבייטען דעם גאַנצען טאָג און האָבען קיין צייט ניט צו לערנען דיא ענגלישע שפּראַך און נאָך אַזוינע קענטניסע וואָס זיינען נויטהווענדיג פאר'ן טעגליכען לעבען, דארום האָט דיא סיוויק סערוויס הויז געגרינדעט

דיזע „אבענד שוהלען,“ וואו עס ווערט געלערענט אויסער ענגליש אויף אמעריקאנישע היסטארי, געאגראפיע און דאס סיסטעם וויא דיא פעראייניגטע שטאאטען פון אמעריקא ווערען רעגירט.

אויסער דיא קלאסען ווערט געהאלטען אין ווינטער סיזאן לעקטשורס איבער פערשידענע וועלטליכע ענינים. דיעזע לעקטשורס ווערען געהאלטען צוויא מאל אין דער וואך: פרייטאג און זאנטאג, דער גרעסטער טהייל פון דיא לעקטשורס זיינען איבער: היסטאריע, געאגראפיע, פיזיק, א.ז.וו. דיא האללס ווערען אויך בענוצט פאר קאנצערטען, אינטערטיינמענטס (אונטערהאלטונגען) און פערזאמלונגען פון פערשידענע חברות, לאדושען און יוניאנס, פרייא.

פאר'ן נוצען פון'ם פאלק איז אויך געשאפען געווארען א פרייע לעזע־צימער. דיעזע לעזע־צימער איז אפען טעגליך פון 6 ביז 10 אוהר אבענדס און זאנטאג א גאנצען טאג. עס געפינען זיך דארט צייטונגען אין דער ענגלישען, העברעאישען און אידישען שפראך.

נעבען דאס לעזע־צימער איז אויך דא א לייברערי (ביבליאטהעק) דיעזע לייברערי בעשטעהט פון ביכער־זאמלונג אין אלערליי שפראכען.

ווייל עס גיבט אונצעהליגע אידישע פאמיליען, וואס זיינען ניט אימשטאנדע צו שיקען זייערע קינדער אויף וואקיישאן אין א קאונטרי (לאנדשאפט) אויף זייער איינענעם חשבון, און אזוי זיינען געצוואונגען אידישע קינדער צו בלייבען אין דיא פינסטערע טענעמענט־הייזער אין א פערפעסטעטע לופט דיא גאנצע וואקיישאן־צייט, און האבען קיין געלעגענהייט ניט איינע וואכען, אדער וויניגסטענס איינע טעג אין א לאנדשאפט צו פערברענגען, פרישע לופט איינצואטהמען און דיא שעהנהייט פון דער נאטור אנצוזעהען, זא האט דיא סיוויק סערוויס הויז ארראנזשירט זומער־קעמפס (דאטשעס) אין איינע פון דיא שעהנסטע

און געזונדסטע געגענדען פון מיין וואו דיא קינדער ווערען געשיקט זיך צו ערהאלען. מיט זייא פאָהרט אויך מיט א מאן וואס גיבט אכטונג דאָס זייא זאָלען זיך גוט אויפפיהרען, און דיא פרייע צייט צום בעסטען אויסניצען.

וואָס דיא זומער־קעמפּס זיינען פאר דיא יונגען און מעדכען אויסער־האלב פון דיא שטאדט, איז דער רוף־גארטען פון דיא סיוויק סערוויס הויז איננערהאלב דער שטאדט. אום דיא ערמידעטע מוטערס, שוואכע מענער און פון דער היץ, פון דער זונן אויסגעמארטערטע קליינע קינדער איינע קיהלע און פרישע לופט צו פערשאפען, איז געוועזן דער צוועק פון גרינדען א רוף־גארטען. דער רוף־גארטען איז אָפען טעגליך פון 6 ביז 10 אוהר נאכטס, און שבת און זאנטאג דורך'ן טאג. אויף דעם רוף־גארטען זיינען אויך פאראן פערשידענע גיימס (שפּיעלצייג) פאר גרויסע וויא אויך פאר קליינע קינדער.

איינע פון דיא וויכטיגסטע אבטהיילונגען פון דיא ארבייט פון דיא סיוויק סערווים הויז, איז דיא „דעפּארטמענט פאר קלובס.“ אין דיעזען דעפּארטמענט קען מען פינדען דיא גאנצע ענערגישע און אונ־ערמיעדעטע ארבייט פון דיא סיוויק סערוויס הויז פון דיא גאנצע צייט פון איהר עקזיסטענץ. דאָס בעשטרעבען דאָס דיעזער אינסטיטושאָן זאָל זיין א צענטרום (מיטעלפּונקט) פאר אלע אידישע אנגעלעגענהייטען, האָט געהאט א גלענצענדען ערפאָלג. אלס בעוויז פאר דיעזען ערפאָלג קענען זיין, דיא מעהר אלס 25 פערשיעדענע קלובס וואָס געפינען זיך אין דיעזען אינסטיטושאן. דיא מייסטע פון דיא קלובס זיינען וויסענ־שאפטליכע, נאציאָנאלע אָדער פערגעניגונגס קלאָבס. דאָס מערק־ווירדיגע וואָס מען קען געפינען בייא זייא אלעמען איז דאָס א ברידער־ליכע פריינדשאפט אונטער אלעמען הערשט, און דאָס זייא אלע פאר

דאָס אויפבליהען פון דעם אידישען נאציאָן און זיינע וויסענשאפט ארבייטען. אלע קלאָבס שטעהן אונטער דיא אויפזיכט פון דיא סיוויק סערוויס וועלכע האט דאס רעכט קלאבס אויפצונעהמען אדער צו ענטזאגען, ווען זייא וויעדערשפּרעכען דעם פּראָגראם פון דיא סיוויק סערוויס הויז.

דיא „ליגאל אייד ביורא," וואָס איז אויך א ברענטש פון דיא סיוויק סערוויס הויז איז געוואָרען געגרינדעט אום צו העלפען אָרימע אידען, בעוואהנער פון דער סיטי, אין ראטה און טהאט אין אללע געזעטצליכע אנגעלעגענהייטען. עס איז דאָרטען אָנגעשטעלט א לאָיער (אדוואָקאט) וואָס גיבט פרייא עצות אין אלע געזעצליכע אנגעלעגענ־הייטען. דיא אויפגאבע פון דער ליגאל אייד ביורא איז אויך צו העלפען דיא אידען צו ווערען סיטיזענס (בירגער). דיא ליגאל אייד ביורא איז אָפען טעגליך און איז פרייא.

זאָ ווייט וויא מיוזיק אָנבעלאנגט האט זיך דיא סיוויק סערוויס הויז געשטעלט צום צוועק אויסצובעסערען אַ'ן אַלטען איינגעוואור־צעלטען פעהלער בייא אונזערע ברידער אין אַלע ברענטשעס פון וויסענשאַפט און קילטור האט אונזער פאָלק גענומען א גרויסען חלק, נור ניט אין דעם פעלד פון קונסט און מיוזיק. דיא הילפע איז פּריוואַט און פּערזענליך.

## נאכוואָרט.

ווי דער לעזער האָט געקענט זעהן ביים לעזען דעם איבערבליק איבער דאס וועזען און טהעטיגקייט פון דיא סיוויק סערוויס הויז, איז דיעזער אינסטיטושאָן ניט פאר טשאריטיס, אויך איז עס ניט אָן עמפלאָינג ביורא פיר ארבייטער. דיא סיוויק סערוויס הויז איז א אינסטיטושאן וואָס איהר צוועק איז צו פערבעסערען דיא עקאָ־נאָמישע און גייסטיגע לאגע פון דיא אידען אין אמעריקא דורך עדיוקיישאן (בילדונג). מיר האָבען דערמאָנט דיא אלע זאכען וואָס דיא סיוויק סערוויס הויז איז ניט, אבזיכטליך דאמיט דאָס פיעלע לייט זאָלען ניט פערלירען זייער צייט צו קומען דארטען מיט אזוינע אנגע־לעגענהייטען. דיא סיוויק סערוויס הויז קען נור העלפען אין אזוינע אנ־געלעגענהייטען וואָס געהערען צום פראָגראם פון איהר ארבייט, אָבער זיא קען ניט אויפנעהמען ארבייט, וויא וויכטיג זיא מעג אויך זיין, וואָס איז ניט דיא אויפגאבע פון דיא סיוויק סערוויס הויז צו טהאָן.

דער אָפיס פון דיא סיוויק סעהוויס הויז איז אָפען פיר יעדען וואָס זוכט אינפאָרמיישאָנס אָדער א ראטה אין אירגענד וועלכע אנגעלעגענהייט. דער סופעראינטענדענט פון דיא סיוויק סערוויס הויז מר. בלומפיעלד, א מאן וואָס איז פערטרויט מיט דיא אנגעלעגענהייטען פון דיא אידען אין אמעריקא, לאדעט איין צו איהם אין אָפפיס עמיגראנטען וואָס זיינען נאך א קורצע צייט אין אמעריקא, דאמיט ער זאָל קענען מיט זייא רעדען אום זייא צו העלפען מיט ראטה און טהאט.

פ. ד.

# The Jews

# of America

Written and published by the
kindness of
Mrs. ADOLPH EHRLICH.

Edited by
Mr. PHILIP DAVIS,
Civic Service House.



BOSTON, MASS.
1905.

